# דער באַזיגטער אָקעאַן

## אַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון האָלאַנד

יידיש לויט ו. נעמיראָוויטש=דאַנטשענקאָ און אנד. דורך דודל



ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין

# דער באַזיגטער אָקעאַן

## אַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון האָלאַנד

ייִדיש לויט וו. נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ און אַנד. דורך דודל

---



ווילנע — 1921

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין



# געאָגראַפּישע ידיעות וועגן האָלאַנד.

האָלאַנד, אָדער נידערלאַנד ליגט צו מערב פון דייטשלאַנד ביים ברעג פון ים.

דאָס גאַנצע לאַנד איז קלענער פאַר איין מאָסקווער גובערניע אין רוסלאַנד. עס האַלט סך־הכּל 220 קוו. וויאָרסט, אָבער באַזעצט איז האָלאַנד זייער געדיכט. איר באַפעלקערונג באַטרעפט $5\frac{1}{2}$ מיליאָן.

דער גרעסטער טייל פונם לאַנד שטעלט פאָר מיט זיך פליייניקע שטחים, וועלכע ליגן אויף 3—2 קלאַפטער נידעריקער, ווי דער אויבער־פלאַך פונם ים.

די האָלענדער קומט דעריבער כּסדר אויס צו קעמפן מיט די וואַסערן פון ים, ווי אויך מיט די וואַסערן פון די טייכן ריין, מאַאַס און שעלדע.

די באַפעלקערונג פון האָלאַנד באַשטייט אינם גרעסטן טייל פון האָלענדער (אמאָליקע באַטאַוויער). זיי געהערן צו דער גערמאַנישער פעלקער־גרופּע און זייער שפּראַך איז ענלאַך צו דייטש.

לויט דעם גלויבן איז די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פּראָטעסטאַנטן 1), אַ קלענערער טייל—קאַטוילן.

אַ דאַנק דער לאַגע פונם לאַנד ביים ים, זיינען די האָלענדער געווען פון אייביק אָן מוטיקע ים־פאָרער.

אין 17־טן יאָרהונדערט איז דאָס לאַנד אַפילו געווען די שטאַרקסטע אויף די ימים.

---

1) פּראָטעסטאַנטן — קריסטן, וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן פילע קאַטוילישע מנהגים און דינים און האָבן אריינגעטראָגן אַ סך רעפאָרמעס אין זייער גלויבן. זיי האָבן אויך ניט קיין אָפּשיי פאַרן רוימישן פּויפּסט.

די האָלענדער האָבן ערוואָרבן גרויסע קאָלאָניעס אין אַלע טײלן פון דער וועלט און האָבן אַ סך מיטגעווירקט דער אַנטדעקונג פון בײַע לענדער, ווי אַ וו ס ט ר אַ ל י ע, די אינזלען ט אַ ס מ אַ נ י ע און נ יי=ז ע ל אַ נ ד ד ר ו ם = אַ פ ר י ק ע, וועלכע זיי האָבן די ערשטע באַזעצט, א. אַז. וו.

די האָלענדער פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, פיצוכט און ערד=אַרבעט, אויסער תבואות, זייט מען דאָ לײַן, טאַבאַק, סוועקלע און פאַרשיידענע בלומען (דערהויפט אַרום דער שטאָט ה אַ אַ ר ל ע ם).

לויט איר האַנדל האָט האָלאַנד פאַר דער מלחמה פאַרנומען דעם 5-טן פלאַץ צווישן די גרעסטע מלוכות פון דער וועלט. (ענגלאַנד, פאַר= אייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, האָלאַנד).

איבער אַלע ימים שווימען אירע גרויסע האַנדלס=שיפֿן. די טייכן זיינען פול מיט דאַמפּערס (אויף איין ר יי ן שווימען 3000 דאַמפּערס).

פון די קאָלאָניעס באַקומט האָלאַנד אַזוינע טייערע פּראָדוקטן, ווי קאַווע, כינין=קאָרע און אַלערליי זיסיגקייטן.

דאָ באַזעצן זיך אַלע האָלענדער, וועלכע ס'פעלט אויס פרנסה אינ= דערהיים. דעריבער איז אין האָלאַנד כמעט ניטאָ קיין אָרימע לייט.

די האָלענדער זיינען איינס פון די געבילדעטסטע פעלקער. זייער זעלטן קען מען דאָ טרעפן אַן אומוויסנדן מענטשן. האָלאַנד פאַרמאָגט גאַנ= צע דריי רייכע און גוט איינגעאָרדנטע אוניווערסיטעטן.

די גרעסטע האָלענדישע שטעט זיינען ה אַ אַ ג (די הויפּטשטאָט), ר אָ ט ע ר ד אַ ם און אַ מ ס ט ע ר ד אַ ם (די ענדונג ד אַ ם באַדייט אַ פאַר= צאַמונג קעגן די וואַסערן).

די שטעט האָבן זייער אַ שיינעם אויסזען. צוליב דעם ווייכן, שלאַ= מיקן באָדן, ווערן אַלע געביידעס געשטעלט אויף שטאַרקע פאַליעס. אָפט טרעפט מען אין אַ שטאָט אַ קאַנאַל, אָנשטאָט אַ גאַס. דערהויפּט טרעפט מען אַזוינע וואַסער=גאַסן אין אַמסטערדאַם. (זע דעם געמעל אַ גאַס אין אַמסטערדאַם, זייט 21)

אַ סך געביידעס זיינען שוין זייער אַלט. פונדעסטוועגן איז די ריינ= קייט אין די שטעט אַן אויסערגעוויינלאַכע:

סיי די גאַסן, סיי די ווענט פון די הייזער ווערן טאָג=טעגלאַך גערייניקט און געוואַשן.

---

.B

## I.

# וואָס איז אַזוינס האָלאַנד?

נאפאלעאן וועגן האלאנד.—דאס קינד פון פרייען ים,—צי ים, צי יבשה?

וואָס איז אַזוינס האָלאַנד?

נאַפּאָלעאָן דער גרויסער האָט געהאַלטן, אַז האָלאַנד האָט זיך אָפּגעזעצט נאָכן אָפּפלוס פון די פראַנצויזישע טייכן. און אויף דעם סמך האָט ער עס פאַראייניקט מיט זיין מלוכה.

— כ׳נעם צו מיינס — האָט ער דערקלערט פאַר די ענגלענדער.

— כ׳גיב אייך אָפּ צוריק דאָס לאַנד, וואָס די צעווילדעוועטע וואַסערן האָבן מיט גוואַלד אָפּגעריסן און פאַרטראָגן פון אייך!—האָט ער מודיע געווען די איינוואוינער פון פאַריז.

איניקע געלערנטע האָבן אָנגערופן דאָס לאַנד: „דער איבערגאַנג פון יבשה צו ים". אַנדערע ווידער האָבן עס אַ נאָמען געגעבן — „ים, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יבשה".

דערין זיינען אַלע מסכים: דאָס לאַנד איז אויסגעקעמפט געוואָרן און ווערט נאָך עד־היום אויסגעקעמפט ביים פרייען ים!

האָלאַנד—איז דער פועל־יוצא פונם נצחון, וואָס די מענטשלעכע ענערגיע און עקשנות האָבן אָפּגעהאַלטן איבער דער שרעקלעכער קראַפט פון דער בלינדער טיכיע.

ניט אומזיסט האָט מען פאַרצייטנס געשריבן וועגן האָלאַנד, אַז ס׳איז געבאָרן געוואָרן פונם ים־אָפּגרונט!

דער מענטש האָט באַזעצט דעמדאָזיקן קינד פונם פרייען ים, און אויף דעם באַזעצטן לאַנד האָט ער אויסגעבויט אַ שטאַרקע פעס-

טונג קענען די שטראָמיקע וואַסערן. אָבער די כוואַליעס רייסן זיך אָפּט אַריין מיט אַ גוואַלטיקן כּוח אין די טויערן פון דער פעסטונג און פאַרפּלייצן הונדערטער שטעט אין דערפער.

טוט איר אַ קוק אויף דער קאַרטע פון האָלאַנד, קענט איר ניט באַגרייפן, וואָס עס איז אַזוינס:

צי ים, צי יבשה?

צי הייבט זיך אָן דער אָקעאַן פון די גרעניצן פון האָלאַנד, אָדער ער ציט זיך שוין גלייך פון די גרעניצן פון דייטשלאַנד?

צי איז עס ניט אַמאָל בלויז אַ וויספּע, איבערגעלאָזן פון דעם אָפּ־פלוס, וועלכע וועט באַלד ווידער פאַרדעקט ווערן פון די צעווילדעוועטע כוואַליעס?

צי קענען גאָר לעבן דאָ בכלל מענטשן אין אייביקער שרעק פאַר די שוימיקע וואַסערן?



## II.

# פנים=אל=פנים מיטן שונא.

האלאנד פארצייטן.—די ערשטע באפעסטיקונגען.—האלאנד און רוים.—מענטש און ים—וואס רעכנט זיך אין האלאנד פאר אן אומגליק—דער שרעקלאכער קאמף.—טעל=מעריסעס בכבודיקער טויט.

—

פאר די ערשטע מענטשן, וועלכע האבן זיך אויסגעקליבן האלאנד אלס א וואוינארט, איז דאס לעבן דארטן באמת געווען פארבונדן מיט גרויס סכנות.

צווישן די טאלן האבן זיך אויף גרויסע שטרעקעס געצויגן טיפע אזערעס.

דאס ביסל יבשה איז געווען דורכאויס באוואקסן מיט געדיכטע, פינסטערע וועלדער, סאסנאווע, דעמבאווע און אלכאווע. אין זיי האט געהערשט אן אייביקע שטילקייט, וועלכע ס׳פלעגט איבעררייסן נאר דער גערויש פונם ווינט און דאס רעווען פון די כוואליעס.

וואו ס׳האט קיין וואלד ניט געוואקסן, דארטן האבן זיך געצויגן זומפיקע לאנקעס, אויף וועלכע ס׳האבן זיך געפיטערט פרייע טאבונעס פון ווילדע פערד.

די וואסערן פון די טייכן האבן זיך אפט צונויפגעגאסן מיטן ים=וואסער, וואס האט זיך פון צייט צו צייט אריינגעריסן אין דער יבשה דורך א גאנצער ריי שמאלע איינגוסן.

די ברעגעס פון די טייכן זיינען דא אזוינע נידעריקע, אז ביים קלענסטן ווינט, פלעגן זיך די וואסערן צונויפגיסן אין איין רוישיקן שטראם.

און אז דער אקעאן האט זיך בארואיקט און אפגעטראטן, האט זיך ווידער באוויזן די ערד, באדעקט מיט גרינסן, בלאטעס און שלאם.

ווי אַ מאַלפּע, איז דער מענטש געקראָכן איבער די שפּיצן פון די ביימער, איבער די צווייגן און סענקעס, אויף וועלכע ער פלעגט זיך באַהאַלטן בעת די פאַרפלייצונגען. דער ווילדער שבט, וועלכער איז געקומען אַהער פון די גערמאַנישע וועלדער, האָט לכתחילה געבויט זיינע וואוינונגען טאַקע אויף די הויכע, דיקע דעמבעס און סאָסנעס. געלעבט האָבן די ערשטע איינוואוינער פון יאַגד און פיש-פאַנג.

ביסלאַכווייז האָבן זיי געגומען אַרומרינגלען די וועלדער מיט זאַמד-וואַלן און אָט פון די דיזיקע שוואַכע און פּשוטע באַפעסטיקונגען האָבן זיי אָנגעהויבן זייער קאַמף מיטן ים.

וויפל מוט ענערגיע און עקשנות איז נייטיק געווען, כדי צו ערקלערן אַ קאַמף אַזאַ שטאַרקן און געפערלאַכן שונא!

וואָרום דאָס וואַסער פלעגט ניט נאָכגעבן. אַלץ, וואָס דער מענטש האָט אויסגעבויט אין משך פון וואָכן, פלעגט דאָס וואַסער מיט איין קלאַפּ פאַרפלייצן און אַראָפּשווענקען.

ניט אומזיסט האָבן געשריבן די רוימישע געשיכטע-שרייבער:

— די האָלענדער לעבן אויף שטראָמיקע וועלן!

די גרויסע וועלט ערָאָבערער, די רוימער, האָבן ניט געקענט דערליידן, וואָס ערגעץ-וואו, אויפן ברעג פון ים, לעבט אַ האַלב-ווילדער, פרייער און אומאָפּהענגיקער שבט.

די סודות-פולע וועלדער האָבן געצויגן צו זיך די העזהדיקע קריגער, און דערגרייכנדיק די האָלענדישע וועלדער, האָבן די רוימישע לעגיאָנען אויסגערופן:

— גרויסער רוים, מיר גייען דיר ערָאָבערן עפּעס געטלאַכס!

דאָס דאָזיקע „עפּעס" איז געווען באַטאַוויע—די איצטיקע האָלאַנד.

עפּעס געטלאַכס —

ניט ים, ניט יבשה—ביידע זאַכן צוזאַמען.

רוים האָט געזיגט. איבער די רוימישע גאַסן האָט מען געפירט נאָך די רייטוואָגנס פון די זיגער די געפאַנגענע האָריקע און כמורנע באַטאַוויער, און דער המון האָט געשריען:

— „אָט זיינען זיי, די וואַסער-לייט!"

די איינוואוינער פון דער „אייביקער שטאָט" (רוים) האָבן געגלויבט,

אַז די באַטאַוויער לעבן אין וואַסער, ווי פיש, און אויף דער יבשה, ווי חיות.

עטלאַכע יאָרהונדערטער האָט זיך דאָס לאַנד פון די „אייביקע כוואַליעס" געפונען אונטער דער רוימישער הערשאַפט. און אַז רוים איז געפאַלן, האָבן זיך די באַטאַוויער באַפרייט. אָבער ניט אויף לאַנג.

די אייזערנע לעגיאָנען פון רוים האָט פאַרביטן אַ נייַ פאָלק—די פראַנקן, וועלכע האָבן נאָך אַ קאַמף אויף לעבן און טויט פאַרכאַפט די גאַנצע שטרעקע צווישן די טייכן ר י י נ ע, מ אַ אַ ס און אונטערשטן ר י י ן.

יעדער דעמב האָט געדינט די באַטאַוויער אַלס אַ נאַטירלאַכע פעסטונג, אין יעדן בוים האָבן די זיגער געמוזט נעמען מיט אַ האַרטנע קיקער שלאַכט.

ווי מאַלפעס, זייַנען די באַטאַוויער געשפּרונגען פון צווייַג צו צווייַג, און פון אויבן האָבן זיי באַשאָסן זייערע שונאים מיט שאַרפע פיילן.

ערשט, ווען צו די פ ר אַ נ ק ן זייַנען צוגעשטאַנען די פ ר י ז ן און ז אַ ק ס ן, איז זיי געלונגען צו באַזיגן די פרייַע באַטאַוויער, די וואַסער־לייט, „וועלכע זייַנען אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט פון טיפן ים־אָפּגרונט".

שוין דאַן האָט דער מענטש אָפּגעהאַלטן נצחונות איבערן ים.

די נצחונות זייַנען אָבער געווען צו שוואַך, און דער שונא צו מעכטיק!

האָבן די מענטשן ניט באַוויזן אויסצוקעמפן בײַם ים איין שטיקל לאַנד, ווי ער פלעגט זיך פלוצלונג גאָר פון אַ צווייטער זייט אַרייַנרייסן אין די טאָלן און פאַרניכטן מיט זייַנע וואַסערן די גאַנצע שווערע אַרבעט פון די באַטאַוויער.

אַזוי, למשל, האָט דער ים אין פערטן יאָר־הונדערט פאַרשלונגען גאַנץ פ ר י ס ל אַ נ ד. אין זיבעטן—פאַרפלייצט ז ע ל אַ נ ד.

שווער צו געפינען אינם דאָזיקן קאַנט פון אייביקן קאַמף כאָטש איין ווינקל, וואָס איז ניט געווען ווען עס איז פאַרשווענקט פונם ים!

פון 13־טן יאָרהונדערט אָן פלעגט האָ ל אַ נ ד יעדע 7 יאָר פאַרפלייצט ווערן פון די שטראָמיקע וואַסערן.

קלײנע פאַרפלייצונגען ווערן ניט גענומען אין חשבון.

בשעת ס'וועלן פארגאָסן און אָפּגעמעקט פון דער ערד אַ צען־צוועלף דערפלאַך—איז עס בלויז אַ „צופאַל", נאָר בשום אופן ניט קיין אומגליק.

מיטן נאָמען „אומגליק" ווערט געקרוינט נאָר אַזאַ פאַרפלייצונג, וואָס שוועבקט אַראָפּ פון דער יבשה כאָטש אַ צענדליק שטעט און אַ הונ־דערט דערפער.

דער גאַנצער גרויסער איינגוס זיודערזעע האָט זיך געבילדעט נאָך אַ פאַרפלייצונג.

פאַרדעם איז דאָרטן געווען אַ לאַנד, פול מיט רייכע און געדיכט־באַזעצטע שטעטלאַך און הויפן. ביי דער פאַרפלייצונג זיינען אומגעקומען 95 טויזנט מענטשן.

אין 1421־טן יאָר האָט דער טייך מאַאַס אין איין נאַכט דער־טרונקען 72 בליענדיקע דערפער מיט אַ הונדערט־טויזנט קעפּיקער באַ־פעלקערונג.

אין 1532־טן יאָר האָט זיך דער ים אַוייר געטאָן פון זיינע ברע־געס און אַראָפּגעטראָגן די זעלאַנדישע דאַמבעס. אין משך פון 22 שעה איז פון 180 רייכע שטעטלאַך און דערפער קיין זכר ניט געבליבן, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען די שטראָמיקע וועלן, איבער וועלכע ס'האָט זיך צעהוליעט דער ווילדער שטורימווינט.

אין 1570 האָט דער זעלביקער גורל ווידער געטראָפן זעלאַנד און דעם אוטרעכטער געגנט. ס'איז פאַרגאָסן געוואָרן די גרויסע שטאָט אַמסטערדאַם און בלויז די שפּיצן פון די קלויסטערס האָבן זיך אַרויסגעזען פון אונטער די שוימיקע וואַסערן.

די גרויסאַמע געוויסערס פון 17־טן יאָרהונדערט האָבן די האָלענ־דער אָנגענומען אַלס „גאָטס־שטראָף", און אין 18־טן—האָט האָלאַנד אַרי־בערגעטראָגן נאָך אַזוינע צוויי פאַרפלייצונגען, וועלכע האָבן אָנגעמאַכט אַ גרעסערן חורבן, ווי אַלע פריערדיקע צוזאַמען.

אַפילו אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זיך נאָך דער ים עט־לאַכע מאָל אַרויסגעריסן פון אונטער דעם מענטשנס ממשלה.

אין 1825־טן יאָר האָט דער ים אַ לאָק געטאָן מיט זיין שטראָמיקן צונג גאַנץ צפון־האָלאַנד, פריסלאַנד, אויבער־איסעל און העלדער.

אין 30 יאָר אַרום איז דער ריין אַרויס פון די ברעגעס און האָט פאַרטרונקען העלדער, אוטרעכט און צפון־בראַבאַנט.

אין יעדער אַנדער מדינה וואָלט אַזאַ חורבן פאַררעכנט געוואָרן אַלס אַ שרעקלאַכער פאָלקס־אומגליק, דאָ איז עס אַ געוויינלאַכע ערשיינונג און זי שרעקט קיינעם ניט אָפּ.

מעקט אָפּ דער ים פון דער ערד אַ פּאָר צענדליק־טויזנט איינוואוינער, טראָגט אַראָפּ עטלאַכע שטעט—די מוטיקע האָלענדער זיינען זיך ניט מייאש: זיי פאַלן ניט אַראָפּ ביי זיך פון דער מפּלה, זיי גלויבן אין זייער ענדגילטיקן ניצחון איבער דער אומברחמנותדיקער סטיכיע.

— כל־זמן איך לעב,—זאָגט דער מוטיקער און פאַרעקשנטער באַטאַוויער,—וועל איך קיינעם ניט אָפּטרעטן אַפילו איין אייל ערד, אויף וועלכער מיין פוס האָט געטראָטן, קיינעם ניט, אַפילו גאָט אַליין! ער קען מיך פאַרניכטן מיט דונערן און בליצן, ער קען מיך דערטרינקען אין די כוואַליעס פון ים, אָבער דאָס, וואָס כ'האָב איינמאָל פאַרנומען, וועל איך פאַרנעמען אויך נאָכאַמאָל; ניט איך — איז מיין זון, מיין איניקל, מיין אוראייניקל...

— ביז ווי לאַנג־זשע וועט עס דויערן?

— ביז וואַנען כ'וועל ניט ברעכן די מאַכט פון די וואַסערן; ביז וואַנען דעם אָקעאַן וועט ניט מיאוס ווערן צו ראַנגלען זיך מיט מיר!

— און ווען־זשע וועט דאָס אים מיאוס ווערן?

— כ'ווייס ניט! אָבער כ'וועל אָנשטרענגען אַלע כוחות, כדי וואָס ווייטער אָוועקצוטרייבן מיין אייביקן שונא!

ביי אַזאַ כסדרדיקן אומאויפהערלאַכן קאַמף איז צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון די האָלענדער, מיט וועלכע קיין פאָלק קען זיך ניט פאַרגלייכן אין רואיקער און זיכערער עקשנות.

איר וועט ניט געפינען אין האָלאַנד קיין איין אַלטע משפחה, וועלכע זאָל ניט אָנציילן צווישן אירע מיטגלידער עטלאַכע צענדליק פאַרשלונגענע פון די ים־כוואַליעס.

ביזן פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זיך דאָ אַפילו אַזאַ טויט גערעכנט פאַרן סאַמע בכבודיקן.

— „ער איז אומגעקומען מיט אַ בכבודיקן טויט—שרייבט זיך אין דער געשיכטע יועגן טעל־מעריסן *)

— ער איז געשטאָרבן, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַן אמתן זון פון באַטאַוויע. ער האָט געפונען זיין אייביקע רו ניט אין דער שמוציקער ערד, נאָר אין די קלאָרע וואַסערן פון ים, וועלכער האָט אים פאַרשלונגען צוזאַמען מיט זיין שיף״.

— „וואָס קען זיין פּראַכטיקער? — רופט אויס באַגייסטערט דער האָלענדישער געשיכטע־שרייבער:

— די ים־געוויקסן וועלן אַרומוויקלען די שיף, ווי אַ לעבעדיקן קבר.

ווערים וועלן ניט עסן זיין קערפּער; און ווען ס׳וועט שלאָגן די שעה פון תחית־המתים, וועט ער, טעל־מעריס, ניט דאַרפן וואַשן זיין פּנים, כּדי צו שטעלן זיך פאַרן כּסא־הכבוד...

אַפילו פון זיינע זינד וועט קיין זכר ניט בלייבן, וואָרים זיינע אַלע חטאים זיינען צערונען געוואָרן אין זיעם אומענדלאַכן תּהום פונם גרעניצלויזן ים.

זיין טויט איז אַזוי הערלאַך, ווי הערלאַך ס׳איז געווען דאָס לעבן פון טעל־מעריס, דעם מוטיקן ים־פאָרער״.

---

*) טעל־מעריס—אַ באַוואוסטער האָלענדישער ים־פאָרער.





א האָלענדישער לאַנדשאַפט.

## III.

# ווי פירן די האָלענדער זייער קאמף פאר יבשה?

האָלאַנדס שונאים.—דער קאַמף מיט די אָזערעס.—קאַנאַלן.—די גראַנדיעזע פּלענער פון די האָלענדישע אינזשעניערן.—ווי מ'דיסציפּלינירט די טייכן.—דער קאַמף מיטן ים.—דיונעס.—די שטיינערנע פעסטונגען.

האָלאַנד, וועלכע נייטיקט זיך אין ערד, ערד און ערד, פאַרמאָגט דריי געפערלאַכע שונאים:

אָזערעס, טייכן און ים.

און אַלע דריי באַווייזט זי בייצוקומען אדאַנק דעם מוט און שכל פון אירע איינוואוינער, די פלייסיקע, „צווייפיסיקע ביבערס", ווי ס'האָט אָנגערופן די האָלענדער אַ פראַנצויזישער שרייבער.

און בייקומען זיי איז גאָר ניט קיין גרינגע זאַך—וואָרים יעדערער פון אָט די דריי שונאים פאָדערט אַ באַזונדער סיסטעם פון קאַמף מיט אים.

די אָזערעס און בלאָטעס האָבן די האָלענדער אַרומגעבויט מיט וואַלן און דאַמבעס; די דאַמבעס אַרומגערינגלט מיט קאַנאַלן.

הינטער די דאַמבעס פון אינעווייניק האָט מען איבער די אָזע-רעס אויסגעשטעלט הונדערטער טויזנטער ווינטמילן, וועלכע ברענגען כסדר אין באַוועגונג פּאָמפּעס, וואָס פּאָמפּען אָן אויפהער אַריבער דאָס וואַסער פון די אָזערעס אין די קאַנאַלן אריין; די קאַנאַלן פירן אַריבער דאָס וואַסער אין די טייכן, די טייכן טראָגן עס אַוועק צוריק אין ים.

באַפרייטע פון וואַסער, באַווייזן זיך פרוכטבאַרע פעלדער, וועלכע גיבן זעלטענע תבואות, און לאָנקעס מיט אַזוינע געשמאַקע און פעטע גראָזן, אַז די האָלענדישע בהמות רעכענען זיך פאַר די בעסטע אין דער וועלט און ווערן געשאַצט טייערער אפילו פאַר די שווייצערישע און ענגלישע! (ניט אומזיסט האָט אַזאַ שם אין דער וועלט דער האָלענדי-שער קעז).

די קאַנאַלן, וועלכע האָבן אויסגעטריקנט די ערד, בלייבן נאָכדעם, ווי זיי האָבן ערפילט זייערע אויפגאַבן, אַלס גוטע און באַקוועמע וואַ-סער-וועגן.

אויף אַזאַ אופן זיינען אין איין 17-טן יאָרהונדערט אויסגעטריקנט געוואָרן 27 גרויסע אָזערעס.

דאָס האָט געדויערט פערציק יאָר.

אין אָנהייב פון 19-טן יאָרהונדערט איז די אַרבעט אַוועק נאָך מיט אַ גרעסערן ערפאָלג.

אין איין דרום-האָלאַנד איז באַפרייט געוואָרן פון אונטערן וואַסער 28 טויזנט העקטאַר ערד; אין צפון-האָלאַנד—6 טויזנט און איבערן גאַנצן לאַנד אין משך פון 75 יאָר (פון 1800 ביז 1875)—אַ האַל-בער מיליאָן העקטאַר. (אַ העקטאַר איז עטוואָס מער ווי ניין צענטל דע-סיאַטין.

איצט זיינען די ווינטמילן פאַרביטן דורך דאַמפמילן; און נאָר אין די פאַרוואָרפענע עקן, וואו דער עולם איז אָרימער, זויגט מען נאָך אויס די וואַסערן לויט דער אַלטער סיסטעם.

לכתחילה האָבן די האָלענדער אויסגעטריקנט די האַרלעמער אָזערע.

נאָכהער האָבן זיי באַשלאָסן אויף אַזאַ אופן פאַרטרייבן די וואַ-

סערן פון דעם איינגוס זיודערזעע, וועלכער פאַרנעמט אַ מהלך פון 800 קוואַדראַט קילאָמעטער.

כדי צו דערגרייכן דידאָזיקע גראַנדיעזע אויפגאַבע, וועט מען מוזן פאַראייניקן מיט אַ מעכטיקן באַריער, וואָס זאָל קענעןביישטיין די שטאַרקע אָנגריפן פון אָקעאַן, צוויי שטעט. א יקזיובעס און סטאַווערסען. דער איינגוס וועט ווערן אָפגעצאַמט פון ים און וועט אויף אַזאַ אופן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ אָזערע.

דערביי וועט מען אין דעם באַריער מוזן לאָזן דורכגאַנגען פאַר די פיל טייכן, וועלכע פאַלן אַריין אין זיודערזעע. אייניקע טייכן וועט מען מוזן אַפילו אָפפירן אין אַן אַנדער געליגער.

בשעת אָט די וואונדערלאַכע אַרבעט וועט פאַרענדיקט ווערן, וועט האָלאַנד געווינען עטלאַכע ניע פרוכטבאַרע געגנטן און וועט אָפנעמען צוריק ביים ים אַ סך מער, ווי זי האָט אים אַמאָל אָפגעגעבן.

אָבער די אַמסטערדאַמער אינזשענערן באַנוגענען זיך ניט אַפילו מיט אַזאַ גוואַלטיקער אַרבעט.

נאָכדעם, ווי זיי וועלן פאַרענדיקן אָט די אומדערהערטע און אויסערגעוויינלאַכע אונטערנעמונג, האָבן זיי בדעה צו פאַראייניקן מיטן מאַטעריק די אינזלען טעקסעל, טעררא-שילינג, אַמעלאַנד.

דערנאָך וועלן זיי פאַרבינדן דעם מזרחדיקן ברעג אַמעלאַנד מיטן קאָנטינענט ביי דאָקקום, דאַן אויסטריקענען דעם נייעם ריזיקן ים-פאַס און כמעט פאַרטאָפלען די טעריטאָריע פון האָלאַנד.

אָט וואָס פאַר אַ הערלאַכע קולטור-מלחמה עס פירט דאָס קליינע, אָבער געבילדעטע און מוטיקע האָלענדישע פאָלק!

אין דעמדאָזיקן קאַמף ווערט קיין בלוט ניט פאַרגאָסן. קיין פרעמד לאַנד ניט פאַרכאַפט, —

אויפן חשבון פון דער בלינדער סטיכיע פאַרגרעסערט זיין לאַנד דער עכטער ריז — דער באַטאַוויער, און ס'ווערן באַפרייט פונם ימס ממשלה גרויסע שטחים, וועלכע זיינען ביז אַהער אָן קיין נוצן געלעגן אויפן אָפגרונט פון אָקעאַן.

און ניט קוקנדיק אויף דער גראַנדיעזקייט פון דערדאָזיקער קאָלאָסאַלער אַרבעט, דאַרף זי קאָסטן ניט אין ערך ביליגער, ווי אַ וועלכע ניט-איז מלחמה פון מענטשן מיט מענטשן •

* * *

דער צווייטער שונא פון דער אַרבעטספּעאיקער האָלאַנד זיינען די טייכן.

האָלאַנד ליגט נידעריקער פונם ים־אויבערפלאַך, און די טייכן פאַרגיסן כסדר אירע טאָלן. (צוליב דעם ווערט האָלאַנד גערופן אויך מיטן נאָמען נידערלאַנד)



די האָלאַנדישע דאַמבעס.

די טייכן פאַרגיסן די זעמד און בילדן בלאָטעס.

די לעפּצונגען פון ים ווערן פאַרברייטערט פונם ים־שטראָם און פאַרוואַנדלען זיך אין איינגוסן.

אַ טייך לוינט ניט אויסצוטריקענען; אַ טייך דאַרף מען דיסציפּלינירן, איינצאַמען, אַריינפירן אין די נייטיקע גרעניצן.

דער גערּאַנגל מיט די טייכן איז זייער אַ אייגנאַרטיקער.

אייניקע טייכן פאַרמאָגן צופיל וואַסערן; פירט מען אַרויס די וואַ־סערן דורך קאַנאַלן, און די ברעגעס פאַרוואַנדלט מען אין הויכע דאַמ־בעס. אָפט בויט מען אויס אויף זיי גאַנצע פעסטונגס־ווענט. מיט אזוינע ווענט רינגלט מען אַרום אויך די אָפענע לעפצונגען.

און דאָרטן, וואו בעטן האָט נאָך פריי געהוליעט דער ים, איז ער היינט שוין אָנמעכטיק עפעס צו ענדערן און לאָזט אויס זיין כעס בלויז צו די שטאַרקע ווענט, פון וועלכע ער שלאָגט זיך אָפּ מיט אַ ברוגזדיקן רעוועז.

פאַרקערט, אין אייניקע אויסגעטריקנטע טייכן פירט מען אַריין וואַסער פון ים, אייניקע אויסגעזויגטע קאַנאַלן פאַראייניקט מען צוזאַמען, אייניקע ערטער גראָבט מען דורך.

אָט די אַלע אַרבעטן פאָדערן גרויס אויפמערקזאַמקייט. ס׳איז גע־נוג, למשל, דער מאָאָס זאָל דורכרייסן אַ וועלכע ס׳איז פאַרצאַמונג, ס׳זאָל פאַרטרונקען ווערן אַ גאַנצע געגנט.

דעריבער ווערט דער קאַמף געפירט מיט גרויס עקשנות און פינקט־לאַכקייט, אָן קיין שום רו און אויפהער, אָן „אפשר" און „טאָמער" — אַלץ אויסגערעכנט, אַלץ פאָראויסגעזען, זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיין צו־פאַל און ניט געוואַרט אויף קיין גליקן.

ווען ניט —

— וואָלט האָלאַנד שוין פון לאַנג געפונען איר רו אויפן אָפּ־גרונט פון ים און פון דעם בליענדיקן לאַנד וואָלט שוין לאַנג קיין זכר ניט געבליבן.

* * *

האָלאַנדס דריטער שונא?

אז מען דערמאָנט זיך וועגן אים, קריגט מען גרויס אָפּשיי און יראת־הכבוד צום קליינעם, העלדישן פאָלק.

סך־הכל אַ פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן!

איין לאָנדאָן צי ניו־יאָרק פאַרמאָגט אָנדערהאַלבן מאָל אַזויפיל איינוואוינער, וויפל דידאָזיקע מדינהלע אינגאַנצן.

און זעט נאָר, ס'אַראַ גרויסע אויפטועון ס'האָט דערגרייכט אַ הייַ־
פעלע אַנטשלאָסענע און מוטיקע אַרבעטער.

ווי געזאָגט, ליגט האָלאַנד נידעריקער, ווי די אויבערפלאַך פון ים.
מ'זאָל זיך איינגעבן דעם ים אַרייַנרייסן זיך ערגעץ־וואו אין די
אינעווייניקסטע געגנטן פון לאַנד—וועט דער חורבן זיין אומפאַרמיידלאַך.
צום גליק האָט די נאַטור אין איניקע ערטער באַשאַפן אַ שוץ
קעגן די צעווילדעוועטע כוואַליעס פונם ענדלאָזן אָקעאַן.
איך מיין די דיונעס.

אָט דידאָזיקע זאַמד־בערגלאַך, וועלכע זייַנען פון 5 ביז 15 קלאַפ־
טער די הייך—ציען זיך פאַזע די ברעגעס פון האָלאַנד.
די זייט, וואָס איז געווענדט צום ים, איז באַדעקט מיט זאַמד און
אין אַ שטאַרקן ווינט דוכט זיך אויס, אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַר־
וויקלט אין רויך.

דערפאַר איז די צווייטע אינעווייניקסטע זייט פון די דיונעס באַ־
דעקט מיט שיינע סעדער.

אין די זאַמדיקע טאָלן צווישן די בערגלאַך האָבן די האָלענדער
פאַרזעצט אַזוינע געוויקסן, וועלכע ווערן צוגענומען אויך אויף אַזאַ
באָדן, ווי, למשל, קאַרטאָפל.

אויף די לאָנקעס פיטערן זיך סטאַדעס שאָף, די הויכע גראָזן
זייַנען פול מיט קיניגלאַך און האָזן, און אָפט דוכט זיך אויס, אַז די
לאַנגע אויערן פון די האָזן וואַקסן גלייך פונם גראָז אַרויס.
אָבער דאָרטן וואו קיין דיונעס זייַנען ניטאָ, אָדער זיי זייַנען צו
נידעריק,—האָט זיך דער מענטש פון זיין אייביקן שונא אָפּגעצאַמט מיט
שטאַרקע ווענט פון האָלץ, גראַניט און שטיינער, אויף וועלכע ס'האָבן
געהאָרעוועט גאַנצע דורות.

מ'האָט אַרויסגערוקט ווייט אין ים אַריין באַזונדערע פאָרטן, מ'האָט
זיך אַרייַנגעריסן ווייט אין אָקעאַן מיט שטאַרקע, שטיינערנע פעסטונגען,
אָן וועלכע די צעווילדעוועטע ים־סטיכיע שלאָגט זיך אָנמעכטיק אָפּ.
ווי הויך און אויף וואָס פאַר אַ מהלך ציען זיך דידאָזיקע ווענט?
אין זעלאַנד אַליין האָט זיי אויסגעצויגן צום באַשיצן זיך פון
ים אויף אַ מהלך פון 400 קילאָמעטער אין דער לענג!

אין צפון־האָלאַנד ויינען פאַראַן וואַלן, וועלכע דערגרייכן 40 קלאַפ־טער די הייך איבערן ים, און דאָך טרעפט אָפט אין שטאַרקע שטורימס, אַז די צעבושעוועטע כוואַליעס גיסן זיך אַריבער אַפילו איבער די דאָזיקע הויכע שטיינערנע מויערן!

פריסלאַנד האָט אויף אַ מהלך פון 88 קילאָמעטער אויסגעבויט אַ דרייאיקע שורה פון גוואַלטיקע פאַליעס. די דאָזיקע פאַליעס שפּאַרן אונ־טער די גרויסע פעלזן, וועלכע מ׳האָט אַהער אַראָפּגעבראַכט ספּעציעל פון נאָרוועגיע.





אַ גאַס אין אַמסטערדאַם, דורך וועלכער ס׳איז דורכגעלייגט אַ קאַנאַל.

# .IV

## די גרויסע אַרבעטס־אַרמיי.

די גרויסע ארבעטס־ארמיי. — ווי ווערט געארבעט אין האָלאַנד? — צלע ווי איין מענטש. — די גרויסקייט פונם קליינעם פאָלק.

די רייזנדער האָבן מיט רעכט געקרוינט האָלאַנד מיטן נאָמען „אומבאַזיגבאַרע פעסטונג״. אָבער צווישן די אומצייליקע און אומענדלאַ־כע פאָרטן שטייען אָנשטאָט האַרמאַטן — מילן און שליוזן, אַלס ווענט דיגען דיונעס און וואַלן, און אָנשטאָט סאָלדאַטן געפינט זיך דאָ אַ גאַנץ גרויסע אַרמיי פון אינזשענערן און אַרבעטער.

כדי אויסצוהאַלטן דידאָזיקע אַרמיי און בכלל, כדי צו קעמפן מיט

די וואַסערן, צאָלט יעדער האָלענדער, אויסער דעם אַלגעמיינעם שטייער נאָך אַ ספּעציעלן שטייער לויט דעם, וויפל ערד ער פאַרמאָגט און וויפל פאַרצאַמונגען ער דאַרף האָבן.

טרעפט גאָר, אַז דער אַלגעמיינער שונא — דער ים — האַלט אָפּ ערגעץ וואו אַ ניצחון איבערן לאַנד — הייבט זיך גלייך אויף גאַנץ האָלאַנד, ווי איין מענטש.

פון אַלע זייטן פאָרן זיך צוזאַמען אַרבעטער און אינזשענערן.

אין דער אָרטיקער קאַסע הייבן אָן אַריינפליסן גרויסע נדבות פון פּריעמרע געמיינדעס און גאַנצע קאַפּיטאַלן פון פּריוואַטע פּערזאָנען.

מ'נעמט זיך ענערגיש צו דער אַרבעט.

מ'האָרעוועט אָן אויפהער און מידקייט;

די ווינט-מילן דרייען מיט די פליגלען, די עלעקטרישע פּאָמפּעס הוושען און רוישן, די דאַמפּמאַשינען קלאַפּן, און אַלע צוזאַמען פּאָמפּען און זויגן אויס דעם שונא, וועלכער איז באַפאַלן די היימישע ערד.

און באַוויזט נאָך ניט דער שונא טיף אַריינצודרינגען אינם האָלענדישן קערפּער, ווי מ'הייבט אים שוין אָן פון אַלע זייטן צו יאָגן און טרייבן דורך קאַנאַלן און טייכן צוריק אין זיין געלעגער אַריין.

און די אַרבעט הערט ניט אויף אויך דאַן, ווען דער שונא איז שוין באַזיגט און פאַרטריבן.

די האָלענדער געטרויען ניט דעם געשייטן ים, אַפילו ווען ער האָט זיך שוין כלומרשט איינגאַנצן באַרואיקט.

ס'ווערן אויפגעבויט נייע וואַלן; ווי פון אונטער דר'ערד וואַקסן אויס נייע דאַמבעס; ס'ווערן אויסגעבעסערט די שליוזן און דיסציפּלינירט די טייכן.

ווען דער ים איז שטיל און רואיק, אַרבעטן די האָלענדער פּונקט אַזוי, ווי ווען ער ברויזט און שטורעמט.

ס'גייט אַ מלחמה אָן רו און אָפּהאַלט, אָן אויפהער און שטילשטאַנד.

אַ הייליקע מלחמה, ניט אויף טויט נאָר אויף לעבן!

און אַז דער אָנגריף פונם ים איז אָפּגעשלאָגן, איז נאָך דער האָלענדער ניט צופרידנגעשטעלט.

איצט גייט ער אַליין אַריבער אין אָנגריף —

ער פאַרטרייבט דעם ים פון זיינע געזעצלאַכע גרעניצן, שלאָגט

אים אַרויס פון זיינע אײַנגעזעסענע ערטער און פאַרגרעסערט אַלץ מער און מער די טעריטאָריע פון זיין פאָטערלאַנד, כּדי אויף איר זאָלן אַלע בענוג פּלאַץ האָבן, אַלע זאָלן קענען זיכער און אין וואוילשטאַנד פאַר־דינען זייער ברויט.

און ס׳געשעען וואונדער:

דער גרויסער, מעכטיקער, שטורמישער ים טרעט אָפּ, אַ באַזיגטער פון דער האַרטנעקיקייט און מוט.

ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלאַך, אַז ביי אַזוינע באַדינגונגען איז דאָס היינטיקע האָלאַנד ניט ענלאַך אויף נעכטיקע, און דאָס מאָרגעדיקע וועט אַ סך אַנדערש אויסזען, ווי דאָס היינטיקע.

דער פּעריאָד פון בויען און שאַפן וועט זיך דאָ ציען לאַנגע, לאַנגע דורות!

היינט זעט איר נאָך אויף דער קאַרטע פיל אָזערעס—אין אַ קור־צער צייט אַרום וועלן זיי ווערן אויסגעטריקנט און פאַרוואַנדלט אין פרוכטבאַרע פעלדער; און אויפן אָרט פון די איצטיקע זאַמדן — וועלן בליען פראַכטיקע סעדער און גערטנער.

ניט לאַנג נאָך אַ אינזל צווישן די שוימיקע ים־וואַסערן — וועט האָלאַנד ניט היינט־מאָרגן אויסשטרעקן אַ האַנט איבערן ים צו די שכנות־דיקע לענדער און וועט זיך פאַראייניקן מיט זיי.

די איינגוסן וועלן אָפּטרעטן אין איילעניש פאַר די קומענדיקע שטעט און דערפער; די דורכגוסן וועלן אַנטלויפן פאַרן זיכערן „י ה י״, און דער שטאַרקער געטלאַכער ווילן, וועלכער ליגט אין דער נשמה פונם קליינעם וואונדערלאַכן פאָלק, וועט אָפּהאַלטן זיין לעצטן הערלאַכן נצחון איבער דער פיינדלאַכער סטיכיע!



V.

# דער גרעסטער שונא — דער בעסטער פריינד.

די ערשטע ים-פארער. — דער קאמף מיט קאנקורענטן. — די וועלט פון רויב און גזולה-מעשים.

אינדערהיים איז דער ים דער גרעסטער שונא פון די האלענדער. אחוץ די גרעניצן פון האלאנד — איז ער זייער בעסטער פריינד. ביים ים האבן די האלענדער גענומען זייערע אלע אוצרות. א דאנק דעם ים זיינען אויסגעוואקסן גרויסע שטעט, וועלכע זיינען נאך ניט לאנג געשטאנען אויפן ברעג הארט ביי די כוואליעס, און איצט זיינען זיי שוין אפגערוקט פונם וואסער אויף עטלאכע צענדליק ווארסט.

דאס איז דער ים ערטערווייז אליין אפגעטראטן, ערטערווייז פאריאגט געווארן פונם מענטשן.

און איצט שטייען די פריערדיקע האפנס אין א בליענדיקן, גרינעם טאל, און בלויז פון די שפיצן, וואס אויף די הויכע קלויסטערס, זעען זיך פון ווייטן די בלוילאכע ים-וואסערן.

דער ים האט די האלענדער רייך און גרויס געמאכט.

מוטיקע קעמפער אינדערהיים, זיינען זיי אויך מוטיקע ים-פארער געווען.

לכתחילה האבן זיי זיך באשעפטיקט מיט יאגד אויף די גרויסע וואלפישן און מיטן פאנג פון די ים-פיש נאענט ביי די ברעגעס פונם לאנד.

שפעטער האבן זיי זיך אלץ מער און אפטער גענומען אוועקלאזן ווייט איבערן ים, גענומען מאכן רייזעס איבער אים אין די ווייטע געגנטן.

פונאַנדערגעוואָרפן איבער ימים, זיינען געלעגן רייכע לענדער און אינזלען, באַזעצט מיט ווילדע פעלקער.

מיט זיי זיינען די האָלענדער אַריינגעטראָטן אין לעבעדיקע האַנדלס־באַציאונגען, און ביסלעכווייז האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף די דאָזיקע אינזלען און לענדער זייער שטאַרקע האַנט.

אין יענע צייטן זיינען נאָך די באַציאונגען צווישן פעלקער און לענדער געווען געבויט בלויז אויף כוח.

ווער ס׳איז שטאַרק געווען, דער האָט אָן שום צערעמאָניעס פאַר־כאַפּט אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן.

ענגלאַנד און האָלאַנד, די ביידע ים־מלוכות, וואָס זייערע איינוואוי־נער זיינען געווען די ערשטע ים־פאָרער און האָבן זיך די ערשטע אויס־געצייכנט מיט גרויסע רייזעס איבערן ים, האָבן דאַן ביסלאַכווייז פאַר־כאַפּט גרויסע אינזלען און לענדער אין אַלע עקן פון דער וועלט.

און אַז אויפן ים האָבן זיך באַוויזן שיפן און פאָרער פון אַנדערע פעל־קער, פלעגן די האָלענדער און ענגלענדער ניט וועלן ליידן די נייעקאָנקורענץ.

און האָבן זיי אָנגעטראָפן אויפן ים אַ פרעמדע שיף — האָט מען לאַנג ניט געקלערט, וואָס צו טאָן מיט איר:

נאָך אַ קורצער שלאַכט, פלעגט די שיף, פאַרכאַפּט ווערן. דער עקיפאַזש*) פלעגט געפינען זיין אייביקע רו און די כוואַליעס פון ים, כדי ס׳זאָלן קיין עדות ניט בלייבן; די שיף פלעגט פאַרברענט אָדער דער־טרונקען ווערן, און אַלע משאות און אוצרות, וואָס אויף איר, פלעגן אַריבערגיין אין רשות פון די זיגערישע ים־רויבער.

פלעגט מען זיך דאַן דערוויסן וועגן דער אונטערגאַנג פון אַ שיף, איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען:

אין יענע ערטער דרייט זיך ערגעץ אַרום אַן ענגלישע אָדער האָ־לענדישע שיף —

אָבער גיי זוך זי אויף אין דעם אומענדלאַכן רוים פונם אָקעאַן!

אַזוי פלעגן אַמאָל אָנזאַמלען זייערע אוצרות די רואיקע, פאַר־שטענדיקע האָלענדער, וועלכע פירן איצט אַזוי מוטיק זייער קאַמף מיטן ים.

*) דער קאַפּיטאַן און מאַטראָסן, וועלכע פירן די שיף.

— זיי פלעגן זיך אָפט ניט אָפּשטעלן אַפילו פאַר צעשטערן און חרוב מאַכן גאַנצע שטעט.

אַזוי האָבן זיי איינמאָל געטאָן מיט איינער פון די רייכסטע שטעט ביים ברעג פון ים—מיט דער שטאָט קאַדיקס. אַזוי פלעגן זיי זיך אויך באַגיין מיט אַנדערע שפּאַנישע און פּאָרטוגאַלישע שטעט.

אין דער אַמאָליקער וועלט פון רויב און גזלה—האָבן זיך דידאָזיקע גוואַלט-מעשים גערעכנט ניט פאַר אַ חטא, נאָר, פאַרקערט, פאַר אַ סימן פון גבורה און גרויסקייט!



# VI.

# ווי אַזוי די שונאים האָבן ניט געקאָנט איינבייסן דעם ווייכן האָלענדישן קעז.

דער קאמף מיט די שונאים.—בערג־אָפּ־צום.—די מפּלה פון די שפּאַניער.—דער קאמף מיט די פראנצויזן.—בעסער דער טויט, איידער א שענדלאכע מפּלה. — פליסינגען.—ברעדא. — גאָאָט־לוקען פון ברעדא.— ווי אזוי דערטרעכטער שעצן זייער פרייהייט.—דאָס איצטיקע האָלאנד.

רויבער אויפן ים, האָבן די האָלענדער ביי זיך אינדערהיים העלדיש געקעמפט ניט נאָר מיטן ים, נאָר אויך מיט אַלע שונאים, וועלכע האָבן ניט איינמאָל געוועלט פאַרכאַפּן דאָס רייכע לאַנד.

קיין שונא האָט ניט געקענט אָפּשרעקן די האָלענדער אין זייער קאַמף פאַר פרייהייט.

ווי לייבן האָבן זיי געקעמפט מיט העכער טויזנט יאָר צוריק קעגן די רוימער, פראַנקן און וואַריאַגן.

און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער האָבן זיי געשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד די אַלע נייע וועלט־הערשער,—די מעכטיקע שפּאַניער, וואָס זייער פאָן האָט דאַן געפלאַטערט איבער אַ גרויסן טייל פון דער אַלטער און כמעט איבער דער גאַנצער נייער וועלט, די פראַנצויזן, דייטשן און אַלע איבעריקע.

* * *

ס'איז גענוג איבערצולייענען אין דער האָלענדישער געשיכטע כאָטש אייניקע בלעטער, כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם מוט פון די האָלענדער.

אָט איז למשל, אַקליינע פעסטונג בערג-אָפּ-צום אין דער פּראָווינץ בראַבאַנט.

זיינע ליידן און גבורות האָבן אפשר קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון די לעצטע יאָרהונדערטער.

אין מיטן פון 18-טן יאָרהונדערט האָט זיך די שפּאַניער פּאַרגלוסט צו פאַרכאַפּן און פאַרשלינגען דאָס רייכע זעלאַנד.

דער וועג אַהין איז זיי געלעגן דורך בערג-אָפּ-צום.

די שפּאַניער האָבן זיך באַרימט, אַז זיי וועלן איינס און צוויי איינבייסן אָט דעם דאָזיקן שטיק פונם האָלענדער קעז.

און אין האַפן פון בערג-אָפּ-צום האָט זיך אַריינגעריסן אַ מעכטיקע אַרמיי, וועלכע איז זייער גרויס געווען ביי זיך מיט איר קאַסטילישן *) יחוס און געהאַלטן זיך פאַר ניט באַזיגבאַרער.

בראש פון דער אַרמיי זיינען געשטאַנען די בעסטע אַדמיראַלן און גענעראַלן פון שפּאַניען—לאַימעס און כוליאַן ראַמעראַ.

מיט איין קלאַפּ האָבן זיי געוועלט דאָס לאַנד באַזיגן און האָבן אין בעסטער אָרדנונג אויף זייערע גרויסע שיפן זיך אַ לאָז געטאָן גלייך צום לאַנד.

אָבער ניט ווייט פון ברעג זיינען פלוצלונג די גרויסע שיפן פון די זיגערישע שפּאַנישע חילות באַפאַלן געוואָרן פון הונדערטער שיפלאַך.

מיט ברענענדיקע פאַקעלן אין די ציינער, האָבן זיך די האָלענדער געוואָרפן אין וואַסער, איינעם פון טויזנט פלעגט געלינגען צוצושווימען לעבעדיקערהייט צו אַ פיינדלעכער שיף, וועלכע ער פלעגט אונטערצינדן מיט זיין פאַקעל.

די שפּאַנישע אַרטילעריע האָט אָנגעמאַכט חורבונות אין די האָלענדישע רייען, אָבער די פאַרוואונדערטע האָלענדער פלעגן ניט פאַרלאָזן זייערע פלעצער און קעמפן, ביז זיי פלעגן אויסגיין מיט בלוט.

„טויטע שטייען אויף תחית-המתים, כדי צו קעמפן מיט אונז" — האָבן אויסגעשריען די שפּאַנישע קריגער.

אַדמיראַל באַנזאַ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די האָלענדישע שיפן איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין אויג.

---

*) קאַסטיליען—אַ פּראָווינץ אין שפּאַניען.

ער איז אָבער אויף איין רגע ניט אָפּגעטראָטן פון זיין אָרט און האָט ניט אויפגעהערט צו מינטערן זיינע חילות צום קאַמף.

אין סאַמע קריטישן מאָמענט פון דער שלאַכט, ווען די אויבער-וואָג איז שוין געווען אויפן שפּאַנישן צד, האָט ער אויסגערופן:

— „האָלענדער, דעם שונאס פאָן מוז גלייך דאָ זיין! ווער ס'וועט איר ברענגען—קריגט אַ פּאָר נייע קליידער!"

גאַספּאַר לעאינסען, אַ יונגערמאַן פון סופּעסלאַנד, איז געגאַנגען אין אָפּגעריסענע בגדים.

ער איז אַ גרויסער אָרימאַן געווען, און איז אין שלאַכט אין אָפּ-געריסענע קליידער אַוועק.

אַ נייער קאָסטיום וואָלט אים זייער צוניצגעקומען.

האָט ער לאַנג ניט געקלערט, איז צוגעשוואומען צו דער שיף פונם שפּאַנישן אַדמיראַל, אַרויפגעקלעטערט אומבאַמערקט אויפן מאַסטבוים און אַראָפּגעריסן די פאָנעס.

האָבן עס דערזען די שפּאַניער אויף די איבעריקע שיפן, האָבן זיי געמיינט, אַז דער אַדמיראַל האָט די פאָנעס אַראָפּגעלאָזן, ווייל די שלאַכט איז פאַרשפּילט געוואָרן.

האָט די שפּאַנישע רייען באַהערשט אַ שרעקלאַכע מהומה.

אַלע האָבן אין פּאַנישער שרעק געוואָרפן זייערע פּאָזיציעס און גענומען אין איילעניש אַנטלויפן.

דאַן האָבן די האָלענדער מיט דאָפּעלטן מוט זיך געוואָרפן פאָר-אויס און פאַרשטעלט דעם וועג דעם שונא, וועלכער איז אין עטלאַכע מאָל שטאַרקער געווען פאַר זיי אין צאָל און כּוח.

די גרעסטע שפּאַנישע העלדן, די אַדמיראַלן און קאַפּיטאַנען, זיינען דערהרגעט געוואָרן, טויזנטער סאָלדאַטן האָבן געפונען זייער קבר אין די כוואַליעס פונם ים.

— „די פאַרניכטונג פון די שפּאַניער—שרייבט זיך אין דער האָלענדישער געשיכטע, — איז אַזוי שרעקלאַך געווען, אַז אַפילו די פאַרוואונדעטע האָט מען אין ים געוואָרפן. די פאַרביטערונג איז אַזוי גרויס געווען, אַז לעבעדיקע האָט מען אין וואַסער דערטרונקען, אַפילו ניט אַראָפּנעמענדיק פון זייערע העלזער די

גאָלדענע קייטן און די צירונגען, וועלכע האָבן געקענט גליקלאַך מאַכן אַ מענטשן אויפן גאַנצן לעבן".

צען שיפן האָט מען גענומען געפאַנגען, צוויי מאָל אַזוי פיל האָט מען פאַרברענט און דערטרונקען.

* * *

נאָך עטלאַכע מאָל האָבן זיך שונאים געפּרובט אַריינרייסן אין די קליינע פעסטונג.

אָבער איטלאַכס מאָל האָבן זיי געמוזט טייער באַצאָלן פאַר זייערע פּרובן.

האַנט ביי האַנט זיינען די פרומע קאַטוילן און די אַפּיקורסישע פּראָטעסטאַנטן, פאַרגעסנדיק זייער רעליגיעזן קאַמף, געגאַנגען אויף אַ זיכערן טויט!

אין די רייען פון די קעמפער זיינען געשטאַנען פרויען און קינדער און צוגעגעבן מוט די אָפּגעשוואַכטע קריגער.

אַלטע פרויען האָבן אין שטאָט גרויסע קעסלען מיט הייסער סמאָלע צוגעגרייט, און יונגע, צאַרטע מיידלאַך האָבן די הייסע סמאָלע, קוילן און פולווער צו די פעסטונגס-מויערן געשלעפּט.

שטרוי פון די בעטן האָט מען אין סנאָפּעס געבונדן און אָנגעצונדענע אויף די שונאים געוואָרפן.

די פרויען פון די געפאַלענע מענער האָבן דאָס געווער פון זייערע פאַרגליווערטע הענט אַרויסגעריסן, זיך אַליין אויף די וואַלן געשטעלט און דערפילט די ליידיק געוואָרענע רייען.

* * *

איינער פון די גרעסטע שפּאַנישע קריגספירער, דער באַוואוסטער „יעגער אויף שטעט"—דער מאַרקיז ס פּ י נ אָ ל אַ איז עלף וואָכן אָפּגעשטאַנען אונטער די ווענט פון ב ע ר ג - אָ פּ - צ ו ם.

טאָג און נאַכט האָבן ניט אויפגעהערט זיינע כסדרדיקע אָנגריפן.

און אַז ער האָט זיך מיאש געווען צו נעמען די שטאָט מיט כוח, האָט ער זי געוואָלט אַרומרינגלען פון אַלע זייטן מיט שטאַרקע וואַלן און פון דאָרטן אָנהויבן דעם קאַמף פונסניי.

אָבער די האָלענדער פלעגן אין מיטן נאַכט זיינע אַלע געביידעס אויפקלאָזן מיט פייער און רויך.

זיינע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געבויט די וואַלן, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אַפילו פאַר 10 גאָלד־מטבעות אַ נאַכט, און דער מאַרקיז האָט כוף־כל־סוף געמוזט אָפּטרעטן, „נאָכדעם, ווי ער האָט געטאָן אַלץ, כדי זיין כבוד זאָל ניט געמינערט ווערן".

* * *

אַרום דער דאָזיקער שטאָט האָט דער באַגאַבטער האָלענדישער אינזשענער מ ע נ אָ אויסגעבויט שטאַרקע באַפעסטיקונגען.

„מעננאָ באַשאַפט פעסטונגען, — שרייבט זיך אין דער האָלענדישער געשיכטע — מיטן רוח־הקודש, ווי אַ דיכטער זיינע געטלאַכע לידער!"

און דעם 2־טן יולי 1747 האָט זיך צו דער שטאָט דערנענטערט די פראַנצויזישע אַרמיי.

אַ גאַנצער האָגל פון פייער און קוילן האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף ב ע ר ג ־ אָ פּ ־ צ ו ם.

פון 50 האַרמאַטן האָבן די פראַנצויזן באַשאָסן די שטאָט.

פון זייער פייער האָט אָפּגעבערענט דער גרעסטער שטאָטישער קלויסטער.

אַלץ מער און מער האָבן די פראַנצויזן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן די שטאָט, אַלץ ענגער און שטיקנדיקער זיינען געוואָרן זייערע אייזערנע אָרימס.

די פראַנצויזן האָבן זיך אונטערגעגראָבן אונטער די פעסטונגס־ווענט, אונטערגעלייגט מינעס און אויפגעריסן זיי.

אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען זיינען געפאַלן די לעצטע באַפעסטיקונגען פון בערג־אָפּ־צום.

אָבער קיינער פון די איינוואוינער פון דער אומגליקלאַכער שטאָט האָט אַפילו ניט דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן אונטערגעבן זיך דעם שטאַרקערן שונא.

זיי האָבן זיך פּאַרטיידיקט, פּונקט, ווי זיי וואָלטן אַליין אויף זיך אַ טויט־אורטייל אַרויסגעטראָגן און געוואָלט נאָר וואָס טייערער דאָס לעבן פאַרקויפן.

יעדע האַנט איז טייער געווען.

די קאַליקעס און קראַנקע פון דעם שטאָטישן שפּיטאָל זיינען געקומען אויף די צעשמעטערטע וואַלן און זיך געכאַפּט צום געווער:

— וואָס קענט איר אויפטאָן? — האָט מען זיי געפרעגט.

— שטאַרבן פאַר אונזער היים!

פרויען האָבן ניט געטראָגן מער קיין פולווער און קוילן, דאָס האָבן זיי פאַר די גרייז גרויע זקנים געלאָזן.

און אַליין האָבן זיי זיך אין די רייען פון די פאַרטיידיקער געשטעלט.

ענדלאַך האָבן זיך די פראַנצויזן אַריינגעריסן אין די גאַסן פון דער שטאָט.

אין 20 מאָל האָבן די פראַנצויזן אַריבערגעשטיגן אין צאָל די בירגער פון בערג-אָפּ-צום!

אָבער דער נצחון איז זיי אָנגעקומען ניט גרינג:

יעדע גאַס האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, איטלעכס הויז איז געווען אַ פעסטונג, יעדער צימער אַ פאָרט!

די פאַרביטערונג איז פון ביידע צדדים געווען אומגעהייער.

ביז דער לעצטער מיגלאכקייט זיינען די האָלענדישע חילות געשטאַנען אין קאמף. ענדלאַך זיינען זיי אָפּגעטראָטן פון דער חרוב געוואָרענער שטאָט.

אָבער די בירגער פון בערג-אָפּ-צום האָבן גלייך ווי איין מענטש, פאַרנומען זייער אָרט און זיינען אַריינגעטראָטן אין אַ נייער שלאַכט פאַר זייער היימישער ערד, אַ שלאַכט אויף לעבן און טויט!

— „דאָ זיינען מיר געבאָרן געוואָרן, דאָ וועלן מיר פאַלן ביי די וויגעלאך פון אונזערע קינדער!“

און צו אָוונט איז געשען אַן אויסערגעוויינלאַכע זאַך:

די רעגולערע פראַנצויזישע סאָלדאַטן זיינען אָפּגעטראָטן פאַר די העלדישע קרעמערס, שניידערס און שוסטערס.

אָבער אינטערן שטאָט האָבן זיך די פראַנצויזישע חילות צונויפגעקליבן, און האָבן זיך מיט ווילדן כעס ווידער אַריינגעריסן אין שטאָט.

די בערג־אָפּ־צומער האָבן געזען דעם טויט פאַר די אויגן, אָבער זיי האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן:

— „בעסער אַ בכבודיקער טויט, איידער אַ שענדלאַכע מפּלה!"

און איינער נאָך איינעם זיינען זיי געפאַלן אין שלאַכט.

די לעצטע, לעבן־געבליבענע קעמפער האָבן אין איין אָרט אַליין די וואַסער־פאַרצאַמונגען אויפגעריסן.

דאָס וואַסער האָט פאַרשווענקט די גאַנצע גאַס און פאַרפלייצט סיי די פאַרטיידיקער, סיי די אָנפאַלער.

אָבער אויך ביזן האַלדז אין וואַסער, האָבן די פאַרביטערטע קעגנער ניט אויפגעהערט צו קעמפן, ביז פון די בערג־אָפּ־צומער איז קיין איינער ביים לעבן ניט פאַרבליבן.

אין איין קלויסטער האָבן זיך צונויפגעקליבן זקנים און קינדער.

— „גיט זיך אונטער" — שרייען די פראַנצויזן.

— קומט און נעמט אונז — ענטפערן די זקנים, און אַן עמער הייסע סמאָלע ווערט אויסגעגאָסן אויף די ריי[illegible] פון די פאַרכאַפּער.

אין אַ שעה אַרום איז פון דעם [illegible] מיט אירע פאַרטיידיקער קיין זכר ניט געבליבן.

אַזוי האָבן די איינוואויגער פון בערג־אָפּ־צום פאַרטיידיקט זייער היימיש־לאַנד קעגן די פרעמדע פאַרכאַפּער.

* * *

און פ ל י ס י נ ג ע ן?

ווער קען זיך גלייכן אין מוט צו זיינע בירגער?

אונטער זיינע ווענט האָט דער שפּאַנישער הערצאָג אַ ל ב אַ געכאַפּט אַזאַ מפּלה, אַז ער האָט אויף זיינע הילות אַרויפגעלייגט אַ ת ע נ י ת!

— „ניט קיין מענטשן האָבן אונז צעקלאַפּט! פאַר מענטשלאַכע כוחות איז עס צו שווער געווען! דאָס האָט אונז גאָט פאַר אונזערע זינד געשטראָפט, און מיט אים מוזן מיר קודם־כל שלום שליסן!"

דער אַדמיראַל פ אַ ט ש ע ק אָ, וועלכער איז געקומען אַהער מיט עטלאַכע שיפן אין 16־טן יאָרהונדערט, איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די פליסינגענער.

זיי האָבן אים געמשפּט, און פאַר זיינע פריערדיקע גרוילטאַטן אַרויסגעטראָגן אים אַ טויט־אורטייל.

האָט ער זיי פאָרגעלייגט פאַר זיין קאָפּ צו באַפרייען עטלאַכע הונדערטער געפאַנגענע בירגער פון פליסינגען.

די פליסינגענער האָבן געשיקט אָנפרעגן ביי די געפאַנגענע, און יענע האָבן זיך אָפּגעזאָגט:

— „מיר וועלן בעסער שטאַרבן, אָבער די שפּאַניער וועלן מיר אויסלערנען צו האָבן דרך־ארץ פאַר פליסינגען!"

דאַן האָט פּאַטשעקאָ זיך געפּרובט אויסקויפן מיט אַזויפיל גאָלדענע רענדלאַך, וויפיל זיין קערפּער האָט געוואויגן.

אָבער די בירגער און מאַטראָסן, דערציילט דער געשיכטע שרייבער, זיינען געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז זיי האָבן בעסער געוואָלט זען זיין קערפּער אויפן שטריק, איידער פילן זיין וואָג אין די טאַשן!

און די פליסינגענער האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, מיט וואָס די זאַך שמעקט.

קעגן זיי איז אַרויסגעטראָטן גאַנץ שפּאַניען, יעדערער ווער ס'איז נאָר פעאיק געווען צו טראָגן געווער.

לאַנג האָט געדויערט דער קאַמף און שווער זיינען געווען די פאַרלוסטן פון די שפּאַניער.

צוויי מאָל איז זייער פלאָט צעקלאַפּט געוואָרן, און ענדלאַך זיינען די שפּאַניער אָפּגעטראָטן פון פליסינגען קיין אַנטווערפּען.

דאַן האָבן זיך די פליסינגענער אויף זייערע קליינע שיפלאַך אויפגעהויבן אויף דער ש ע ל ד ע, און ביינאַכט האָבן זיי זיך דורכגעגליטשט, אונטערן נאָז פון די גרויסע שפּאַנישע שיפן, אַריינגעדרונגען אין אַנטווערפּענער האפן, וועלכן די שפּאַניער האָבן געהאַט פאַרכאַפּט, און האָבן דאָרטן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין די שפּאַנישע רייען.

זיי האָבן אויסגענוצט די שרעקלאַכע מהומה, וועלכע איז אויסגעבראָכן ביי די שפּאַניער, האָבן זיך אַרויסגעזועצט אין שטאָט און באַפרייט פון געפאַנגענשאַפט דעם האָלענדישן אַדמיראַל ב ו ו ע ן.

אויפן רימאָרגן זיינען זיי שוין מיט אַ גרויסער רויב געווען ווידער אין פליסינגען.

אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען די שפּאַניער מיט בזיונות אָפּ־געטראָטן פון דעם ניט גאַסטפריינדלאַכן לאַנד.

* * *

און ברעדאַ?

מיט בלוט פון אירע בירגער האָט די דאָזיקע שטאָט פאַרשריבן אין דער געשיכטע איר קאַמף פאַר דער פרייהייט!

חדשים־לאַנג האָט מען געמאַכט אויף איר שטאַרקע אָנגריפן, אָבער אירע בירגער האָבן ניט געוואוסט, וואָס הייסט עס אונטערגעבן זיך!

ווילט איר וויסן, ווי די לייט פון ברעדאַ האָבן געשעצט זייער פרייהייט?

הערט דעם ענטפער, וואָס אַן איינפאַכער בירגער פון ברעדאַ האָט געגעבן דעם כעכטיקן שפּאַנישן הערצאָג אַלבאַ:

זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן אויף איינער פון די אַנטווערפּענער גאַסן.

האָט דער הערצאָג געוואָרט, דער האָלענדער זאָל אים אָפּטרעטן דעם וועג. אָבער דער דרייסטער בראַבאַנטער בירגער האָט אויף אים געוואָרפן אַ שטאָלצן בליק און געבליבן רואיק שטיין אַנטקעגן.

— ווייסט דען ניט, ווער איך בין? הערצאָג אַלבאַ!

— כ׳ווייס... געהערט... אָבער איך בין גאָאָט־לוקען פון ברעדאַ און טרעט אָפּ דעם וועג בלויז זקנים און פרויען!

— כ׳וועל הייסן, מ׳זאָל דיך דערשיסן!

— דאָס איז שוין דיין זאַך. דו קענסט מיך טויטן, אָבער אָפּ־טרעטן דעם וועג וועל איך דיר ניט! און וויסן זאָלסטו: ביי אונז אין ברעדאַ זיינען אַלע אַזוינע!

— הייסט עס, איר שטויסט זיך אין די גאַסן, ווי בעק?

— כדי צו זיין בעק, פעלט אונז דער שפּאַנישער ריח!

אַלבאַ האָט אַ רוף געטאָן אַ פּאָר שיסער.

אויף גאָאָט־לוקענס פנים האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן...

און ווען מ׳האָט זיין טויטן קערפּער אָפּגעראַמט פון גאַס, האָט זיך דער הערצאָג פאַרקלערט און שטיל געזאָגט:

— איין טויזנט אַזוינע העלדן, קענען פאַריאָגן די בעסטע אַרמיי אין דער וועלט!

אַזוינע העלדן זיינען אין ברעדאַ געווען פופצן טויזנט, און אַלבאַס שטאַרקע אַרמיי האָט טאַקע מיט זיי גאָרנים געקענט אויספירן.

* * *

און דאָרטרעכט?

אַזאַ שטילער, רואיקער נעסט, וואו גבירים טרעפט מען אויף יעדן טריט און קיין אָרימעלייט איז אויף אַ רפואה ניטאָ.

וויפל רומרייכע בלעטער, האָט דידאָזיקע שטעטעלע אַריינגע־שריבן אין דער געשיכטע פון האָלאַנד!

און ניט נאָר די אויסערלעכע וועלט האָבן די דאָרטרעכטער גע־צוואונגען צו באַציען זיך צו זיי מיט דרך־ארץ —

אויך די אייגענע מאַגנאַטן, וועלכע האָבן געפּרובט דריקן דאָס פאָלק, האָבן אָנגעטראָפן אַ האַרטנעקיגן ווידערשטאַנד.

איינער פון אַזוינע גראַפן האָט געפּרובט אַרויפלייגן אויף דאָרט־רעכט זיין שווערע האַנט.

האָבן אים די איינוואוינער פון דער שטאָט געכאַפּט, פאַרשפּאַרט אין געפענקעניש און געהאַלטן אים אַזוי, ביז וואַנען ער האָט געגעבן אַ פייערלאַכע שבועה, אַז „אויף ווייטער וועט ער וויסן, ווי צו שעצן די רעכט פון דער פרייער און מעכטיקער שטאָט און וועט געדיינקען, אַז ניט די שטאָט איז פאַר אים, נאָר ער איז פאַר דער שטאָט!“

און אַז דער גראַף האָט זיך ווידער אַמאָל פאַרעקשנט, האָבן די דאָרטרעכטער געקעפּט איינעם פון זיינע גרויזאַמע מקורבים, אַריינגע־וואָרפן דעם קאָפּ צום גראַף אין פּאַלאַץ און אים מודיע געווען:

— אַלע מענטשן זיינען געבאָרן געוואָרן גלייך איינער צום אַנדערן. אויב דו ווילסט דערפון ניט וויסן, וועט אויך דיין קאָפּ האָבן דעמזעל־ביקן סוף, ווי דער קאָפּ פון דיין באַדינער!“

דער גראַף האָט דערזען, אַז מיט אַזאַ קעגנער וועט ער גאָרניט מאַכן און האָט נאָכגעגעבן די שטאָלצע פרייע דאָרטרעכטער.

* * *

אַזוי האָבן די האָלענדער געקעמפט און פאַרטיידיקט אין משך פון דורות זייער גרעסטן אייגנס—זייער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט!

איצט לעבט האָלאַנד בשלום מיט אירע אַלע שכנים.

זי באַנוגנט זיך מיט די רייכטימער און אוצרות פון איר אייגענעם לאַנד און פון אירע גרויסע, רייכע און בליענדיקע קאָלאָניעס, און וויל זיך ניט מישן אין די ענינים פון אַנדערע לענדער.

— מיר וועלן ניט אויסגעבן קיין איין גראָשן אויף אייער אייראָפּעאישן קאָנצערט *)—זאָגן די איצטיקע באַוואויער,—מיר זיינען שטאַרקער אָן אַייך, ווי מיט אייך.

ביי אונז האָט יעדערער זיין אַרבעט, יעדערער קען פאַרדינען גענוג צום לעבן.

און ווען ס'איז ענג אינדערהיים, דער זאָל זיך זעצן אויף אַ שיף און מאַרש אין אונזערע גאָט-געבענטשטע, מזל-ברכהדיקע קאָלאָניעס, וועלכע פליסן מיט מילך און האָניק.

ניטאָ ביי אונז קיין אָרימעלייט, ניטאָ קיין פאַרפינסטערטע בירגער.

זעלטן וואָס פאַר אַ לאַנד ס'קען זיך מיט אונז פאַרגלייכן אין רייכטום און בילדונג!

און טאָמער וועט אונז פאָרט אויספעלן לאַנד פאַר אונזערע ערד-אַרבעטער, וועלן מיר ווידער אויסקעמפן ביים ים, וויפיל ס'וועט אונז נויטיק זיין, און נייע בליענדיקע פעלדער און גערטנער וועלן פאַרגרעסערן אונזער טעריטאָריע! —

אמת, אין איין זאַך זיינען מיר אָפּגעשטאַנען: אונזערע אַרמייען זיינען קליין, אונזערע האַרמאַטן שוואַך, די ביקסן—אַלט און פאַרראָסט, אָבער אונז אַרט עס ניט —

זאָל נאָר עמיק פרובן פערטשעפּען זיך מיט אונז און מיר וועלן, ווי מיט דורות צוריק, דערווייזן, אז דער כּוח ליגט ניט אין איבערמאַכט, נאָר אין רעכט!

* אזוי רופן זיי די מליצה אָנגערופן דער בונד פון די פעלקער.

און רעכט, אמת, אַרבעט און פרייהייט זיינען ביי אונז
און מיט אונז!

און וועלן מיר ניט קענען ביישטיין קעגן אַ שטאַרקערער
מאַכט, וועלן מיר עפענען אונזערע שליוזן און אַרויסלאָזן די
וואסערן.

אונזער אייביקער שונא — דער ים, וועט דאַן אונזער פאַר-
בינדעטער ווערן, און, אויף אונזער באַפעל, וועט ער פאַרשלינ-
גען די זשעדנע שונאים, ווי ס'האָט אַמאָל דער ים-סוף פאַרטרונ-
קען פרעה'ן מיט זיינע חילות!

* * *

אַזוי האָבן די האָלענדער, געקעמפט און פאַרטיידיקט זיי זיך סיי
קעגן די כוואַליעס פון ים, סיי קעגן די זשעדנע מענטשלאַכע כוואַליעס,
וואָס האָבן זיי געוואָלט זי פאַרפלייצן.

פאַרזיכערט אין זיין מאַכט, רואיק אין זיין זיכערקייט לעבט דאָס
קליינע האָלענדישע פאָלק צווישן די שוימיקע כוואַליעס, און קיין שום
געפאַר איז אים קיינמאָל ניט שרעקלאַך!

